ד״ר סאַראַ נאָוואַק

# וועגן דער פֿאַרטיידיקונג פֿון לייבוש זייפֿמאַן

אָפֿענער בריוו צו דער יידישער קאָלעקטיוויטעט אין בראַזיל



ריאָ דע זשאַנייראָ
1954

# װעגן דער פאַרטײדיקונג פון לײבוש זײפמאַן

(אָפענער בריװ צו דער ייִדישער קאָלעקטיװיטעט אין בראַזיל)

## פון דר׳ סאַרא נאָװאַק

װאָלט איך געװאָלט אויסבאָרגן בײם גרויסן פראַנצױזישן שריפטשטעלער און הומאַניסט, פּראַטײדיקער פון דרײפוס אַפערע, דאָס קעפּל „איך באַשולדיק״. װאָלט איך אַזױ אָנגעהױבן:

„איך באַשולדיק, איך באַשולדיק דעם אָסטראָװוצער פאַרײן, די ייִדישע בראַזיליאַנער פעדעראַציע אין ריאָ, די רבנים, די רעפּרעזענטאַטיװע עלעמענטן פון דער ייִדישער קאָלעקטיװיטעט אין בראַזיל און יעדן ייִדן פון פאַראַנטװאָרטליכקײט פאַרן פאַרברעכן פון האָבן דערלאָזט אָדער פאַרשװיגן אַן אַפערע באַקאַנט אַלס „חרם זײפמאַן״.

אָבער אַזױ װי איך האָב פײנט אויסגעבאָרגענע זאַכן, װעל דערצײלן די געשיכטע אויף מײן שטײגער.

## אַ רעזומע פון אַ פאַקט

װי ס׳איז באַקאַנט דער גאַנצער ייִדישער קאָלעקטיװיטעט אין בראַזיל, זענען צװײ ברידער, אַבּרם און לײבוש זײפמאַן, געקומען קײן בראַזיל אין **1946**, דאָ באַשולדיק געװאָרן, אויפן סמך פון באַקומענע אינפאָרמאַציעס פון יענער זײט ים, דורך זײער אָסטראָװוצער לאַנדסלײט, אין דער פאַרניכטונג פון טױזנטער ייִדן, רויב, שענדונג פון ייִדישע מײדלעך און אַנדערע „העלדישע טאַטן״ װעלכע זײ זאָלן האָבן באַגאַנגען אַלס קאָמפּאָנענטן פון דער ייִדישער פּאָליצײ אין דער קאָנצענטראַציע לאַגער פון יענער שטאָט.

די קאָמיסיע פון רבנים און רעפּרעזענטאַטיװע עלעמענטן פון דער געזעלשאַפט װעלכע איז אויסגעקליבן געװאָרן אויסצופאָרשן דעם גרונד פון די באַשולדיגונגען, איז זיך פונאַנדערגעפאַלן סײ צוליבן דרוק פון אײניקע אומפאַראַנטװאָרטליכע עלעמענטן, סײ צוליב אַנדערע מאָטיװן.

דער פאקט איז, אז קיין רב איז ניט בייגעווען ביז צו דער ענדע פון די פאַרשונגען און ניט אונטערגעשריבן דעם חרם. איך ווידערהאָל: **קיין איין רב האָט נישט אונטערגעשריבן דעם חרם**, כאָטש מיר האָבן שוין צו יענער צייט געהאט בלויז אין ריאָ עטלעכע רבנים.

און אזוי ארום, אין א דעמאָקראַטישן לאַנד, אין פולסטן האָניק־מאָנאַט פון וועלט־שלום, האָבן פינף יידן, פאַרשטעלנדיק זיך אלס עקלעזיאסטישער טרי־בונאל, מיט גרויס געפילדער, באַגלייט מיט א מבל פון ליגנס און בלבלים, ארויפגעלייגט א חרם אויף די צוויי דערמאָנטע פאמיליעס, ניט דערלויבנדיק זיי זאָגאר דאָס עלעמענטאַרסטע רעכט וואָס ס׳האָט יעדער פאַרבעכער, ווי שווער זיין פאַרברעכן זאָל ניט זיין: דאָס רעכט צו פאַרטיידיקן זיך.

איך מוז באַטאָנען, אז אין דער צייט פון די געשעענישן האָב איך מיך געפינען אויף א ספּעציאַליזיר שטודיום אין נ. אמעריקע און פונם סקאַנדאַל מיך דערוווּסט בלויז אויף מיין צוריקקער אין **1947**. אזוי ווי אנדערע, האָב איך איגנאָרירט די דעטאַלן און געגלויבט, אז ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן א רבנישן פּסק־דין, ד. ה. ארויסגעגעבן פון א קאָמפּעטענטן טריבונאַל, פאַראַנטוואָרטליך פאַר זיינע טאטן סיי פאַר גאָט סיי פאַר לייט.

# דער קריי־וועג פון א וייב

דעם 2־טן יאַנואַר **1953** האָט מיך באַזוכט אין מיין ביוראָ, די פרוי פון לייבוש זייפמאַן, געראַטן פונם זשורנאַליסט אהרן ניימאַן, וועלכער האָט מינוטן פריער מיר געהאט אָנגעקלינגען וועגן דעם. עפּעס איז אים געווען קשיהדיק אין ווען כ׳האָב מיך אנטזאָגט זי אויפצונעמען האָט ער מיר געענטפערט:

— איך האָב זי רעקאָמאַנדירט צו אייך, ווייל איך זיים, אז איר וועט זיך ניט וואַקלען צו עקזאַמינירן די זאַך. זי האָט געבראַכט דאָקומענטן.

די מעגלעכקייט פון האָבן באַשולדיקט און פאַראורטיילט אַן אומשולדיקן האָט מיך אויפגעשוידערט, און בשעת איך האָב דערוואַרטעט די פרוי זייפמאַן, האָט די גאַנצע יידישע געשיכטע פאַרבייגעשוווּמען פאַר מיינע אויגן. און איך קען אונזער געשיכטע און אויך אונזערע יידן. ניט אומזיסט זאָגט דאָס שפריכ־וואָרט „פון גוישע הענט — און פון יידישע מיילער"... מיר, יידן, זענען ניט בעסער פון אנדערע פעלקער און מיר צייכענען זיך ווייט ניט אויס מיט טאָלע־ראַנץ. אונזער חרם איז זאָגאר אומענטשליכער ווי דער גוישער, אָבוואָל קיין איינער פון זיי קאָמבינירט ניט, ביי היינטיקע צייטן, מיט דער אמתער מוסיע פון גערעכטיקייט. „חרם", וואָס האָט ניט געשוינט איינעם פון די גרעסטע דענ־קערס פון דער מענטשהייט — ברוך שפינאָזא, מיט וועמען מיר שטאָלצירן היינט אזוי, וועלכער האָט אָבער אין זיין שאַנדע און שמערץ מער פון אונז ניט

געוואָלט וויסן; „חרם", וועלכער שטראָפֿט ניט נאָר דעם שולדיקן, נאָר אויך די פֿרוי, די פֿאַמיליע און אפֿילו די אומשולדיקע נשמהלעך אין דער מאַמעס בויך; „חרם", אַטענטאַט קעגן דעם גייסט פֿון מענטשלעכער עקזיסטענץ אין אַן אָר־גאַניזירטער געזעלשאַפֿט — אַ פֿראַגע וועלכע האָט מיך פֿלוצים באַטויבט.

און ווען כ׳האָב דערזען די פֿרוי זייפֿמאַן אויף דער שוועל פֿון מיין טיר, אַ טרויעריקע און אַ סימפּאַטישע, האָב מיך דערמאַנט וועגן דער אומידלאַכער פֿיגור פֿון אַן אַנדער פֿרוי, פֿון אַן אַנדער וויב וואָס האָט יאָרן־לאַנג געזוכט דאָקומענטן, געבעטעלט אַ ביסעלע פֿאַרשטאַנד, אַ ביסעלע לאָגיק, אַ ביסעלע טאָלעראַנץ; דרייפֿוס׳עס פֿרוי.

מורא האָבנדיק איך זאָל זי ניט אויסהערן ביז צום סוף האָט זי אָנגע־הויבן אויסשיטענדיק אויף מיין טיש אַ בינטל דאָקומענטן, און בשעת כ׳האָב געבלעטערט די פּאַפּירן, דערציילט איר טרויעריקע געשיכטע; פֿון אַ פֿרוי וועמענס מאַן ווערט באַשולדיקט אין שווידערליכע פֿאַרברעכנס וועלכע ער זאָל ניט האָבן געוועזן באַגאַנגען; די אומדערטרעגלעכע איינזאַמקייט וואָס וועט זי פֿירן צו וואַהנזין: די פֿראַגעס פֿון איר מיידעלע פֿאַרוואָס זי קאָן ניט טראָגן קיין צלם, ווען איז איר „קאָמוניאָן".

איך האָב געבלעטערט די פּאַפּירן און האָב גלייך באַמערקט די אַבוועזנ־הייט פֿון רבנישע חתימות אויפֿן חרם. אויגענבליקלעך איז מיר די גאַנצע גע־שיכטע געוואָרן צווייפֿעלהאַפֿט.

---

ס׳האָט מיר גענומען לאַנגע חדשים דער קריטישער אַנאַליז פֿון יעדן צוגעשטעלטן דאָקומענט, און ווען כ׳האָב שוין געקענט אַרויסציהן מיינע אויספֿירן, האָב צוויי קאָנדיציעס געשטעלט צו לייבוש זייפֿמאַן:

1) אַז איך זעלבסט, דורך מענטשן פֿון מיין פּערזענלעכן צוטרויען זאָל נאָכזוכן די מאָראַלישקייט פֿון זיינע עדות און אויטענטישקייט אָדער וואַגיקייט פֿון די צוגעשטעלטע דאָקומענטן;

2) אַז ער זאָל מיר פֿאַרזיכערן דורך אַ בריוו זיין גרייטקייט צו צושטעלן זיך פֿאַר אַ קאָמפּעטענטן טריבונאַל אין ישראל אין פֿאַל ווען ס׳וועט אוממעגלעך זיין צו קריגן דאָ די רעוויזיע פֿון זיין פּראָצעס, צוליב טעכנישע סיבות אָדער צוליב אינטעלעקטועלער אינטערשטעליקייט פֿון אונזער קאָלעקטיוויטעט...

---

ניט קוקענדיק אויף דער ממשתדיקער נוליטעט פֿונם חרם אין מיין טיפֿסטער איבערצייגונג אין דעם, האָב ערשטנס נאָכגעזוכט וועגן די עדות; צווייטנס, איך האָב מיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט אייניקע עקספּאָנענטן אין ישראל בנוגע יידישע רעכט, געזעץ און רעליגיע; דריטנס, איך האָב געפֿאָדערט

די פולע איבערזעצונג פונם אורטייל ארויסגעגעבן פונם טריבונאל פון תל־אביב אינם באריםטן פראָצעס פון משה בן־פוציק, קאָמאנדאנט פון זעלבן אָסטראָוועצער קאָנצענטראַציע־לאגער, וועלכער איז רעגולמעסיק פראָצעסירט געוואָרן אין ישראל און ענדליך באפרייט געוואָרן דעם 10־טן מערץ פון 1952.

אזוי ארום, בלויז היינט, קום איך עפענטלעך מיט דער אפערע אויף וועלכער איך רוף די אויפמערקזאמקייט פון דער גאנצער יידישער קאָלעקטי־וויטעט אין בראזיל.

# פרעלימינאריש

ס׳איז בטל דער חרם, סיי פון יורידישן אָדער רעליגיעזען, סיי פון מאָ־ראלישן אָדער סאָציאלן שטאנדפונקט און קיינער דארף אים ניט האלטן. ניט נאָר איז דער חרם בטל, ער איז לעכערלעך און אונזער קאָלעקטיוויטעט אין בראזיל ריזיקירט די שפילן א טרויעריקע ראָלע וואָס אנבעלאנגט דער יידישער עפענטלעכקייט פון אנדערע לענדער, וועלכע דענקט זיכער, אז מיר דאָ זענען אלע דומקעפּ אָדער פחדנים, ווייל אין קיין שום לאנד, ווי אמתע אָדער פאברי־קירטע יידישע קריגס־פארברעכער זאָלן האָבן זיך באהאלטן, איז עפעס ענליכעס געשעהן, ווי א בינטל יידן, אָן שום מאָראלישער, קולטורעלער אָדער רעליגיעזער אויטאָריטעט, זאָל פארמאסקירנדיק זיך אין א טריבונאל, האָבן דורך בלבלים, כאבאר, און טעראָר ארויפגעצוווּנגען דעם ווילדן שטראָף פון חרם אויף צוויי פאמיליעס, ניט דערלויבנדיק זיי זאָגאר דאָס רעכט זיך צו פארטיידיקן! אין ישראל און אין פוילן זענען פארשידענע קריגס־פארברעכער געמסרט געוואָרן, רעגולאר פראָצעסירט געוואָרן, געמשפּט און — מערסטנסטייל באפרייט געוואָרן.

איצט מוז איך אויפמערקזאם מאכן, אז צו מיר האָט זיך געווענדעט בלויז ליבוש זייפמאן. איך קאָן ניט זיין ברודער און איך האָב ניט נאָכגעזוכט די שולד אָדער אומשולד פונם לעצטן. אָבער אזוויי דער חרם נרייפט אָן ביידע ברודער, מוז איך ניט ווילנדיק, צומאָל, זיי דערמאנענען צוזאמען, כאָטש איך האָב אין זינען בלוז ליבוש.

אָבער וואָס איז אזוינס חרם? ס׳איז די גרעסטע עקלעזיאסטישע שטראָף. ס,איז די פארשטויסונג פונם אינדיווידועם פון דער רעליגיעזער קאָמוניטעט און וועלכע האָט ביי יידן אָנגענומען די שארפסטע פאָרם פון פארבאָטונג פון וועלכן ניט איז קאָנטאקט מיט דער געזעלשאפט. שטאמענדיק פון דער ביבלישער „אנאטעמא״, פלעג ער באנוצט ווערן פון די רבנים אין די תלמודישע צייטן און אין דער מיטלאלטער מיט דעם אָביעקטיוו צו פארזיכערן די סאָלידקייט פון דער נאציע און שטארקן די אויטאָריטעט פון דער שוהל. דער תלמוד רעדט וועגן דריי פאָרמען פון פראָסקריפּציע: נזיפה, נדוי און חרם. דאָס מיסברויכן

פון דער שטראָף האָט געצווונגען די אויטאָריטעטן זי צו קאָנטראָלירן און רעגולאמענטירן און אזוי ארום איז א גאנצע סיסטעם פון געזעצן געשאפן געוואָרן ביז דער חרם איז געוואָרן דער לעגאלער שטראָף־מיטל באנוצט פונם טריבונאל פאר געוויסע 24 ספעציפישע פארברעכענס וועלכע זענען קאָמענטירט אין רמב״ם׳ס „יד״. ביסלעכווייז איז ער איבערגעגאנגען פון די אויטאָריטעטן צו די קעפ פון די ישיבות און רבנים. אין דער מיטלאלטער האָבן די גאונים אנטוויקלט די מעטאָדן פון חרם און אין דער צייט פון אראבישער מאכט, צוליב דעם מיסברויכן פון געוויסע רעליגיעזע גרופעס, האָבן די אויטאָריטעטן געפרווט רעווידירן די פראגע. אין אנדערע לענדער האָבן זיי צומאָל געמוזט אינטערווענירן. דער גרויסער רמב״ם אליין האָט זיך געראנגלט אנטקעגן א גרופע וואָס האָט געהייסן „בני מיקרא״ און וועלכע האָט אינטערפרעטירט דאָס שפריכוואָרט „א צאָהן פאר א צאָהן און אן אויג פאר אן אויג״ ווי ס׳שטייט געשריבן. רמב״ם און אנדערע תלמודיסטן האָבן שוין יאָרהונדערטער צוריק די שאדענזאַץ פראגע אינטערפרעטירט פונקט אזוי ווי די מאָדערנע יוריסקאָנסולטן.

היינט צו טאָג איז אומבאגרייפליך די מעגלעכקייט פון א חרם. ווידערווייליג דער רעכטגעבונג; צוריקגעשטויסן פון דער ציווילער געזעצגעבונג וועלכע דעצידירט יעדן שאָדן אין געלד־שטראָף; אָפגעווארפן פון דער קרימינאלער יוריספרודענץ וועלכע צווינגט ארויף א קאָרעקטיוו אויפן פארברעכער אָבער גיט צוריק דער געזעלשאפט דעם אינדיווידועם וועלכן זי האלט פאר רעאדאפטירבאר, האָט ער היינט קיין פלאַץ אין א ציוויליזירטער געזעלשאפט.

די קאטוילישע קירך, וועלכע האָט גערירשנט דעם חרם ביי די יידן איז געווען מער טאָלעראנט ווייל זי האָט שטענדיק געוואָלט די רעהאביליטאציע פון זינדיקן. חוץ דעם, מיט דער צוטיילונג פון יוריסדיקציעס — שטאטליכע און עקלעזיאסטישע — איז גלייך געוואָרן קריסטאל־קלאָר וועלכע פארברעכענס דארפן געמשפט ווערן פונם געריכטס־וועזן און וועלכע פונם עקלעזיאסטישן טריבונאל.

אינאָסעניאָ דער III אנערקענט די מעגליכקייט פון קאָנפליקט צווישןביידע מאכטן אין דער אָפשאצונג פון א פארברעכן מיט פאָלגענדע ווונדערבארע ווערטער:

„פאראן מענטשן וואָס קאָנען זיין אומשולדיק אין די אויגן פון גאָט, אָבער שולדיק אין די אויגן פון דער קירך, און פונקט פארקערט, שולדיק אין די אויגן פון גאָט און אומשולדיק אין די אויגן פון דער קירך. גאָטס אורטייל איז צעמענטירט אויף דער ווארהייט זעלבסט, ווייל דער קירך׳ס איז באזירט אויף ארגומענטן און השערות וועלכע זענען ניט אלעמאָל ריכטיק״.

ספעציעל זינט יידן וווינען ציזייט צווישן אנדערע פעלקער, קאָנען זייערע געהיינלעכע פארבעכער בלויז געמשפט ווערן ניט לויט דער תורה, נאָר לויט די געזעצן פונם לאנד אין וועלכן זיי געפונען זיך. אזוי ווי אין בראזיל משפט מען ניט קריגס־פארברעכער פון אנדערע לענדער, האָבן 5 פוילישע יידן אויפ־געגרובן דעם חרם פון זיין לעטארגישן שלאָף — ווייל ס׳איז מיר אומבאקאנט אן אנדער פאל זינט שפינאָזא — און פארשטעלנדיק זיך אלס עקלעזיאסטישער טריבונאל, ארויפגעצוווּנגען זיין העסלעכן פרצוף אויף די זייפמאנס און זייערע פאמיליעס.

אפילו ווען מיר זאלן אָנעמען די מעגלעכקייט פון א חרם ביי היינטיקע צייטן, שטעלט זיך א פראגע: ווער קאָן אים באנוצן? בלויז רבנים, בלויז א בית־דין פון רבנים. צום ביישפיל, קאָן גלאט א מענטש התונה מאכן לעגאל א מאן מיט א פרוי? ניין. לויטן ציווילן געזעץ קאָן בלויז דער ריכטער דאָס טאָן, ניט אבי א ריכטער. דער קרימינאלער קאָן דאָס ניט טאָן, בלויז דער הייראטס־ריכטער, ווען ניט איז די חתונה קאָמפלעט בטל. קאָן א ייד, בלויז דערפאר וואָס ער איז א ייד, קוילן א הון אָדער אן אָקס און זיי זאָלן זיין כשר? ניין, ער קאָן ניט. בלויז דער שוחט.

דאָס הייסט קאָמפעטענץ. דער מיליטערישער טריבונאל איז קאָמפעטענט צו משפטן מיליטערישע אינטערעסן; דער ציווילער ריכטער משפט ציווילע און קאָמערציעלע וויכוחים; דער גלח קאָן ניט פראווען א גילטיקע ציווילע חתונה, ווייל זיין קאָמפעטענץ, ווי דעם רב׳ס, איז בלוז א רעליגיעזע.

די קאטוילישע קירך האָט אזוי רעגולאמענטירט:

„„דארום, צו זענען די חרם׳ס א לעגאלע שטראָף (פון געזעץ) צו „א ב אָ מ י נ ע״ (א פאראָרדענונג), מעגן זיי בלויז ארויפגעלעגט ווערן פונם פויפסט אליין אָדער פון אן אלגעמיינער פארזאמלונג פון דער גאנצער קירך; פון דער פראָווינץ פארזאמלונג פאר דער עקלעזיאסטישער פראָווינץ פון דעם בישאָף פאר זיין ראיאָן״ א. וו.

**אָבער זאָגט ווייטער די קירך, א באצירק־גלח קאָן ניט ארויפלעגן דעם שטראָף און ניט אפילו דערקלערן, אז זי קומט!!!**

פארשטאנען ווי ערנסט איז די פראגע פון קאָמפעטענץ?

פאראן דאָך פאלן ווען די קאָמפעטענץ איז ארויפגעצוווּנגען דורך די אומשטענדן: בלויז א נאָטאריער קאָן מאכן א צוואה. אָבער, אז א מענטש ווערט געפערלעך קראנק אויפן וועג, איז דער קאפיטאן פון דער שיף קאָמפע־טענט צו מאכן די צוואה, אָבער אין אזא פאל איז זי בלויז גילטיק ביז 30 טעג פונם אראָפגיין פונם קראנקן אויף דער יבשה. אז דער קראנקער שטארבט ניט אין די 30 טעג, איז די צוואה אנולירט.

האָבנדיק דערקלערט וואָס הייסט קאָמפּעטענץ, וועט יעדער פאַרשטייען אז חרם, זייענדיק א ריין רעליגיעזער אקט, כדי צו זיין גילטיק, מוז ארויפגע־לעגט ווערן פון א בית־דין פון רבנים, ווען ניט איז ער נול, אבסאָלוט נול, לעכערלעך, אויסערגעוויינלעך לעכערלעך.

ווען דער חרם זאָל האָבן געשען צוריק מיט 50/60 יאָר, ווען מור האָבן אין ריאָ ניט געהאט קיין איין רב, וואָלט מען געקאָנט דערלויבן, אז אייניקע עקספּאָנענטן פון דער געזעלשאַפט, אנערקענט אלס די גרעסטע „חכמים", זאָלן שאפן א בית־דין וועמענס אינטערפערענץ וואָלט געגליכן געווען צו דעם שיף׳ס קאַפּיטאַן, אָבער אין פּוילן 1947, ווען בלויז אין ריאָ האָבן געוווינט די רבנים ציקינאָווסקי, לעמלע, זינגערעוויטש און אנדערע, איז די אינטערפערענץ פון דער גרופּע פון אָסטראָווצער יידן אן אמתע מאָנסטרואָזיטעט. איך קאָן ניט פאַרשטיין וואָס פאַר א ראָל האָבן געשפּילט אונזערע רבנים פון יענער צייט, דערלויבנדיק די אפּערע; וויאזוי האָט זיי געקאָנט פאַרפעלן ווירדע צי פאַרשוויגן אדער דער־לויבן, אז פינף יידן, אָן שום קענטעניס פון רעכט און געזעץ, זאָלן איבער־שפּרונגען זייער קאָמפּעטענץ?

ווייל איך זעלבסט בין אן אייניקל פון רבנים װעלכע האָבן קיינמאָל זיך גערעכנט מיט דער מיינונג פון איגנאָראַנטן, קאָן איך מיר ניט פאָרשטעלן אזא אבעראציע. כאָטש איך בין ניט רעליגיעז, רעספּעקטיר איך אין א רב זיין גלויבן, זיין קולטור, זיינע מעלות פון א אומאפּהענגיקן ריכטער, אָבער וויאזוי קאָן איך רעספּעקטירן און ווי איך אנדערע, רבנים װעלכע האָבן פאַרגעסן זייער פליכט מיט דער מענטשלעכער נשמה און מיטן ישוב? ווי אזוי האָבן זיי גע־קאָנט דערלויבן, אז א גרופּע פון אומפאראנטוואָרטלעכע זאָלן דערקלערן אויפן הויכן קול: רבותי, זייט שטיל, ווען ניט...

אפילו, אז מיר זאָלן אָנעמען א חרם ארויפגעלייגט פון א בית־דין צו־זאמענגעשטעלט פון פאָרשטייער פון ציווילע אינסטיטוציעס, דאַרפן מיר קודם זעהן צו דערלויבן זייערע סטאטוטן דאָס רעכט צו משפּטן מענטשן... פון מיין זייט, געפון איך דאָס פאַר אונמעגלעך צוליב דעם ארטיקל 94 פון דער קאָנ־סטיטוציע פון בראזיל, וועלכע גיט אזא מאכט בלויז דעם... געריכטס־וועזן... דארום גלויב איך ניט, אז אזעלכע אינסטיטוציעס זאָלן קאָנען אקטואירן אלס טריבונאלן אדער זיך באַנוצן מיט א שטראָף ניט פאָראויסגעזען אינם לאנדס־געזעץ, ספּעציעל ווען זי גרייפט אָן די בראזיליאנער עפנטליכע אָרדענונג, ווייל אונמענשלעך און מאָנסטרועז.

---

# יעדער פארברעכער האט א רעכט אויף א פארטיידיקונג

ס'איז אן אוניווערזאלער פרינציפ. פון דער אנדערער זייט, זאָגט דאָס רטיקל I, טייל II, בוכשטאבע ג' פון דעם עטיק-קאָדעקס פון „אָרדעם דאָס דוואָגאדאָס דאָ בראזיל" :

„...ס'איז יעדענפאלס דאָס רעכט און דאָס פליכט פון א אדוואָקאט אָנצונעמען די קרימינאלע פארטיידיקונג אומ-אפהענגיק פון זיין אייגענער מיינונג וועגן דעם שולד פונם באשולדיקטן".

טראָץ דעם, האָב איך א פאָר ישראל אויטאָריטעטן אין יידישער רעכט און עליגיע, צווישן אנדערע, געשטעלט די נארישסטע פראגע אין מיין לעבן : „צו ועג א יידישער אדוואָקאט, ניט איבערגעצייגט אין דער שולד פונם באשולדיקטן, ארטיידיקן א פארברעכער ווי לייבוש זייפמאן ?

די ענטפערס זענען געווען פאָלגענדע :

1) **פ. אבישער**, פרעזידענט פונם טריבונאל פון תל-אביב :

"לויט אונזער יורידישע פרינציפן אין ישראל, האָט יעדער באשולדיקטער, ווי שווער עס זאָל ניט זיין דער פארברעכן אין וועלכן ער ווערט באשולדיקט, דאָס רעכט צו א פאר-טיידיקונג דורך איין אדוואָקאט און עס הענגט ניט דעראן אויב דער אדוואָקאט גלויבט אָדער צווייפלט אין דער באשולדיקונג".

2) **עלישא שיינבוים**, עורך-דין רבנו פון תל-אביב :

„ס'איז אָן שום צווייפל, אז ס'איז דערלויבט און זאָגאר א פליכט אויף יעדן אדוואקאט אין יעדן פערזאָן וועלכער קאָן גור פארטיידיקן. וועלכן ס'איז באשולדיקטן צו טאָן דאָס, בפרט ווען דער פארטיידיקער איז ניט איבערגעצייגט אין יענעמס שולד" ?

לעבערלעך איז געווען מיין פראגע. עמיל זאָלא, ווען ער האָט פארטיידיקט דרייפוסן, דער גוי וועלכער האָט פארטיידיקט דעם יידן, האָט ניט געשטעלט אזא פראגע ; אלפארעל, וועלכער האָט פארטיידיקט מיימאָנידעס (רמב"ם), ווען ער איז באשולדיקט געוואָרן אינם מאָרד פון דאָקטאָר אבולאפיא, האָט אויך געטאָן בלויז דאָס וואָס ער האָט געהאלטן פאר זיין פליכט.

איך אָבער האָב געשטעלט די פראגע, ווייל 5 אָסטראָווצער יידן, האָבן ביז היינט ניט נאָר געשטערט די זייפמאנס וועלכע ניט איז פארטיידיקינג, נאָר מיט שאנטאזש, ליגנס און דראָאונגען געזוכט צו פארטיליקן אזוינע ליכטיקע

שטימעס צום גונסטן פון אזעלכע אומגליקלעכע, ווי חיים ליבערמאנס אין לייוויקס.

און אונזער ישוב, אין אָנהענגערן פונם פרינציפּ פון קלענסטן ווידער־שטאנד, פון דער פּאליטיק „ראטעווע זיך ווער ס׳קען" — די אמתע און איינציקע שולדיקע אין דער פארניכטונג פון זעקס מיליאָן יידן, האָט אָנגענומען פאר גוטע די נידערטרעכטיקע מסירות; ווי גלויבנסווערטע, די פאלשסטע עדות; ווי אמתן, ממשתדיקע ליגנס.

באגאנגען האָבן די 5 אָסטראָווצער יידן א פארברעכן — א גרעסערן ווי די זייפמאנס אויב זיי זענען אפילו שולדיק, שטערנדיק די באשולדיקטע די פארטיידיקונג. קיינער ביז היינט, אין א כלאמרשט ציוויליזירטער געזעל־שאפט האָט געוואגט צו אנטזאגן אזא רעכט א באשולדיקטן, ווי עקעלהאפט זיין פארברעכן זאָל ניט זיין. אפילו די „הייליקע אינקוויזיציע" האָט דערלויבט די פארטיידיקונג! אין די פראָצעסן — אפערעס סיי פון פּאָליטישן, סיי פון ראסיאלן אָדער רעליגיעזען כאראקטער, וועלכע האָבן דערשיטערט די אלוועלט־לעכע עפענטלעכע מיינונג, האָט די פארטיידיקונג געשפּילט א געוואלדיקע ראָלע, כאָטש ריזיקירנדיק מיט דער אייגענער פרייהייט אָדער לעבן. אפילו היטלער האָט ניט געוואגט צו פאראורטיילן דימיטראָוון פאר דער אונטערצינדונג פונם 3־טן רייכסטאג אָהן א רעגולערן פּראָצעס; די אפערעס פון סלאנסקי און פון די מאָסקווער דאָקטוירים וועמענס „אומשולד איז פּראָקלאמירט געוואָרן נאָך א ריי ממשתדיקע איבעצייגונגען אין עפענטליכער אנערקענונג פון אייגענער שולד", האָט דערגרייכט דעם קלימאקס פון אומפארשעמקייט און ציניזם, אבער א יעדן איז געגעבן געוואָרן, זאָל זיין א סימבאָלישע, רעכט צו פארטיידיקן זיך! אין די פאייניקטע שטאטן, האָבן די ראָזענבערגס אויסגענוצט אלע מיטלען, גע־הויבן צו אלע אינסטאנצן; פארגעסנדיק, אז אלס קאָמוניסטן זענען זיי אנטי־רעליגיעז, האָבן זי אפּעלירט צו די רבינער און צום פּויפּסט, ציניש עקספּלאָ־טירט דעם סענטימענטאליזם פונם יידישן פאָלק און פונם קריסטלעכן...

א פראגע פון טעג, האָט אן העסלעך פּאָר־פאָלק אוועקגערויבט און דער־מאָרדעט אן אומשולדיק קינד־באָבי. ניט אין מלחמה, ניט אין א קאָנצענטראציע־לאגער, ניט געשטויסן פון אומשטענדן. דערמאָרדעט דאָס קינד ווען זיי האָבן שוין געהאט געקראָגן א הויכן אויסקויף־פרייז פאר זיין לעבן. דאָך איז דאָס עקעלהאפטע פּאָר־פאָלק, וועלכעס קאָן ניט האָבן קיין אטענואנט, ניט פאר־אורטיילט געוואָרן „פּרימא־פאסיע". רעגולער פּראָצעסירט און לעגאל פארטיידיקט געוואָרן. און די עלטערן פונם אומשולדיקן קינד — אן איינציקער זוהן — זענען בייגעווען דעם משפּט. זייערע הערצער האָבן געבלוטיקט פאר ווייטאָג, דאָך האָבן זיי ניט ארויסגעצויגן קיין געווער כדי זיך נוקם צו זיין פארן טויט פון זייער אומפארגעסלעך יינגעלע; גיט געשראָקן, ניט געפּילדערט, ניט שאנ־טאזשירט קיינעם דערפאר וואָס די באשולדיקטע האָבן געזוכט אמווינציקסטן

פארלייכטערן זייער פארברעכן. אזא איז די קראַפט פון פארטיידיקונג! זי איז אזוי שטארק און הייליק, אז שטייט העכער פון די רעליגיעס, פון דער פּאָליטיק, פון דער מאכט זעלבסט! אין יעדן פלאַץ, אין די פארוואָרפנסטע עקן פון דער ציוויליזירטער וועלט, אומאָפּהענגיק פון דער פּאָליטישער אָדער סאָציאַלער אָרדענונג, וועלכע ס׳זאָל ניט זיין די ראַסע, די מאָראַל, אָדער די רעליגיע פון א פאָלק איז דאָס רעכט פון פארטיידיקונג רעספּעקטירט! מ׳קאָן דאָס ניט אנטזאָגן קיינעם! אינם מאָמענט ווען אויף דער וועלט וואָס מאכט יעצט דורך דעם גרעסטן מאָראַלישן קריזיס פון אַלע צייטן, ווען עמיצער, שטאַט אָדער אינדיווידועם, וואָגן צו אנטזאָגן דעם מ׳ענטשליכן ווען גערעכטיקייט, וועט די גאַנצע יורידישע סיסטעם זיך צופאלן און מיר וועלן צוריקקערן צו דער שוואַרצטער עפּאָכע פון אונזער ציוויליזאַציע.

אינם דערמאָנטן פאַל, האָט א גרופּע אומפאראַנטוואָרטלעכע יידן, באוויזן אומפארשטענדלעך אנצושטעקן מיט זייער היסטעריזם א גאַנצע קאָלעקטיוויטעט, וועלכע סוף־כל־סוף באשטייט ניט בלויז פון דומקעפּ. און מיר יידן, וועלכע וואָלטן צוליב אונזער פארגאַנגענהייט פול מיט שמערץ און ליידן, באַדאַרפט זיין מער טאָלעראַנט און פארשטענדליכער, האָבן באגאַנגען די זעלבע מאָנסטרואָזע טעטן וואָס מיר פאַראורטיילן אין אַנדערע פעלקער. און מיר יידן, וועלכע נעמען דייטשע אינדעמניזאַציעס, פאַרצייענדיק אַזוי־אַרום אונזער גרעסטע מערדער, ווילן אפילו ניט אויסהערן וואָס אַן אומגליקלעכער וויל זאָגן צו זיין פארטיידיקונג, ווייל אויב ער איז יאָ א פאַרברעכער — זאָלן מיר דאָס אָנעמען — איז ער אזא געוואָרן אין אזעלכע אומשטענדן וואָס קאָנען פון א מענטשן מאַכן א העלד אָדער א פחדן. אָבער ניט אַלע קאָנען זיין העלדן, און מיר יידן האָבן זיי קיינמאָל ניט געהאַט אין גענויענדער פראָפּאָרץ. יאָרהונדערטער פון דערנידערונג, פון דעגענעראַציע, פון מה־יפּותדיקער קריכעניש פאַרן פּריץ, קושענדיק אים די פיס און די הענט, כדי צו בלייבן לעבן, האָבן אונז זיכער געגעבן פיל מער פחדנים ווי העלדן. דאָס איז דער אמת.

וואָס פאַר א רעכט, האָבן מיר, וועלכע האָבן ניט געברענט אין יענעם פייער וואָס האָט צו זייף און אַש געמאַכט זעקס מיליאָן יידן, באשולדיקן אָדער פאַראורטיילן יענעמס שוואַכקייט? וואָס ווייסן מיר וועגן דער רעאַקציע וואָס מיר וואָלטן געוועזן געהאַט אין אַן ענלעכער סיטואַציע? דער גרעסטער פון די פּרעזידענטן — אַבראַם לינקאָלן — פלעגט ענטפערן אויף די פאַרוואָס פון זיינע גענעראַלן פאַרוואָס ער האָט שטענדיק באַגנעדיקט די מלחמה־דעזערטירן:
**„קאָן איך דען וויסן וויאַזוי מיינע אָרימע פיס וואָלטן געהאַנדלט ווען זיי געפונען זיך אויפן שלאַכט־פעלד?**

וואָס פאַר א רעכט האָבן מיר, וועלכע האָבן צוליב אונזער מזל צום לעבן ביי אַלע אומשטענדן, ביז ניט לאַנג פאַר גוט אָנגענומען די דערנידעריגסטע סיטואַציעס, אורטיילן די עווענטועלע שוואַכקייט פון אונזער גלייכן, מיר

וועלכע האָבן ביז ניט לאנג געהאלטן פאר העלדיש צו שטארבן אויף קידוש־השם, אידיאָטיש און אומפארצייליך; מיר, וועמען מ׳האָט געטראָטן מיט די פיס, פארגוואלדיקט און פארטיליקט אויף די אויטאָ־דאַ־פעס, אין קרייץ־צוגן, פּאָגראָמען און גאז־קאמערן, אָהן רעאקציע, אָהן א שום רעאקציע, ווי די ווערים אין פליגן?

ס׳איז קיין צווייפל, אז אין אונזער איבערגעוועלטיגנדער ליבע צום לעבן נאטירלעכן ווידערווילן צום בלוט, וואָס האָט אונז דערלויבט איבערצוטראָגן די שפּלדיקסטע אומשטענדן, טראָגן די געלע לאטע. דאָס רויטע שטרײמל און ווינען איינגעשלאָסן אין די געטאָס ווי די מייז, איז פאראן יענע קראפט, יענער איבערגעוואונטענע סוד וואָס האָט אונז געמאכט, קליינינקע און באליידיקטע, פראקטיש אומצושטערבארע. אָבער די אומצושטערבאַרקייט האָבן מיר געקראָגן דורך אזוינע מיטלען וואָס היינט זענען זיי פאר אונז אומבאגרייפבאר.

חוץ דעם. מעגן מיר יידן געבן דער וועלט אזא געפערליכן ביישפּיל ווי פאראורטיילן עמיצן אָהן א רעגולערער פארטיידיקונג און פּראָצעס? וואָס וועט מאָרגן זאָגן די ניט יידישע וועלט וועלכע איז ניט איבעריק פארליבט אין אונז? וואָס וועט געשען מיט די צוקונפטיקע ביילּיסעס, דרייפוס׳ן, סלאנסקים און יידישע דאָקטוירים פון מאָסקווע אָדער ערגיץ ווו אנדערש? וועלן זיי אפילו קיין פארטיידיקונג האָבן? וועלן זיי אפילו ניט האָבן די געלעגנהייט מודה צו זיין זיך אין די ניט באגאנגענע פארברעכנס?...

ס׳שווידערלעך צו טראכטן וועגן דער פרעצעדענץ וואָס מיר האָבן געעפנט. האָט געטראכט אונזער ישוב וואָס פאר א שטרויכלשטיין ז׳ ליגט אויפן וועג פון אונזער עקזיסטענץ צווישן אנדערע פעלקער?

מעגן מיר, פון דער אנדערער זייט, דערלויבן זיך דעם לוקסוס צו פאר־לירן צוויי קליינע קינדער, געבוירענע אין בראזיל, צוליב דער היפּאטעטישער שולד פון זייער פאָטער? אזוי שטארק און זעלבסשטענדיק זענען שוין מיר מיטן קליינטשיקן ישראל ארומגערינגלט מיט שונאים, אז מיר זעהן מער גאָרניט?

די לענדער פון אמעריקאנער קאָנטינענט זענען אלע באפעלקערט געוואָרן, צווישן אנדערע, מיט אוואנטיוריסטן און פארברעכער אנטלאָפענע פון דער יוסטיץ פון זייערע היימען. זיי זענען איינגעשלינגען געוואָרן, רעאדאפטירט געוואָרן, מיטגעהאָלפן צו בויען שטארקע נאציעס. און מיר יידן, וואָס ווילן מיר, זאָגאר קיין פארברעכער ניט האָבן, זיין א ראסע פון אויבער־מענער אָדער שמידן א היימלאנד מיט האס און בינדן א פאָלק מיט נקמה?

ווייסן מיר דען וואָס וועט אויסוואקסן פון די צוויי קינרער? געבוירענע אין קעניגלעכע בעטלעך ווערן שלעפערס; געבוירענע אויף מיסט, ווערן הערשער פון פעלקער.

וועלן מיר ניט שולדיק זיין אין די ליידן פון לייבוש זייפמאנס צוויי קינדער אז זיי וועלן אויסוואקסן און באגרייפן אונזער שלעכטקייט? וואָס פאר א תרוץ וועלן מיר זיי געבן און וואָס וועלן מיר זאָגן דער וועלט פאר דער בושע, פאר דעם גייסטיקן און מאָראלישן פיין וואָס מיר האָבן פארשאפן צוויי אומשולדיקע באשעפענישן?

און אויב טראָץ די נבֿואות אָדער ווילן פון אייניקע מענטעקאפטן וועלן די מיידעלעך אויסוואקסן צו דער עהרע פינם לאנד אין וועלכן זיי וועלן זיך דערציען, וואָס וועלן מיר זאָגן?

און אויב אונזער האנדלונג, א סאדישע און א אומפארצייִלעכע אין צוואנ־ציקסטן יאָרהונדערט וועט זיי צווינגען אין שמד זוכן אביסל רוה פאר זייערע פארשעמטע נשמות און אין א מער מענטשלעכער רעליגיע יענע פארצייאונג פאר זייער אומגליקלעכען פאָטער — אפילו אויב ער איז יאָ שולדיק — וועלכע אונזער גאָט אנטזאָגט אים, ווייל ער האָט זיך פארוואנדלט אין א דיבוק און אריין אין די קערפערם פון הערליך׳ם און בוימפעלדס, וועט דאָס ניט זיין אונזער שולד?

און פאראן א פרוי, זעהר א יונגע און זעהר א סימפאטישע. ס׳איז די מוטער פון די צוויי קינדער; ס׳איז די פרוי פון לייבוש זייפמאן, וועלכע קלאפט זיך לאנגע יאָרן אין די טירן פון דיעזע וועלכע זי דענקט מער מענטשלעכער און פארשטענדלעכער, בעטלענדיק בלויז איין זאך, איין קליינע זאך וואָס קאָן ניט אנטזאָגט ווערן קיינעם. וואָס מיר יידן, ווינציקער ווי עמיצער אנדערש טאָרן דאָס ניט אנטזאָגן צו קיינעם, אבסאָלוט צו קיינעם: דאָס רעכט זיך צו פארטיידיקן!

און אויב אָט די פרוי, וועלכער גלויבט אין איר מאנס אומשולד, ניט קאָנענדיק איבערטראָגן דעם ווייטאָג וואָס שניידט איר דאָס הארץ; די קללה וואָס שוועבט איבער איר און אירע קינדערס קעפ; דעם יאוש וואָס רעוואָלטירט איר דעם מוח — אויב די פרוי וועט פון זינען אראָפ אָדער דאָס לעבן זיך נעמען, ווי זי האָט שוין געפרוווט אמאָל אין דער שטילקייט פון א נאכט און רוהיגקייט פון א פארלאָזענער גאס, וועלן מיר ניט זיין די שולדיקע אין איר משוגעת, די מערדער פון איר יונגן לעבן? וועט אונזער פארברעכן ניט זיין גרעסער ווי פון צען, ווי פון הונדערט זייפמאנס ווייל באגאנגען אבזיסטלעך און אין אומשטענדן וואָס אנערקענען ניט קיין אמזעגואנטן?

ריידענדיק פון הונדערט, דערמאנט זיך מיר אן ענגלישער שפריכוואָרט:
„ליבערשט צו באפרייען הונדערט פארברעכער, איידער פאראורטיילן איין אומשולדיקן".

לייבוש זייפמאן, איז ניט אזא פארברעכער ווי מ׳דענקט, ווי ס׳וועט איבערגעצייגט ווערן אין וועלכן ס׳איז ניט איז רעגולערן פראָצעס. פארברעכער

זענען יענע וועלכע שטערן זיין פארטיידיקונג. ס׳איז קוריאָז — אין די פּראָצעסן־אפּערעס פון אלערצייטן, באנוצן די רכילות־זאָגערס און פאלשע עדות די זעלבע מיטלען, זוכענדיק מיט ליגענס, בלבולים און דראָאונגען שטערן די פארטיידיקונג פונם באשולדיקטן, ווייל זיי האָבן מורא, אז ביי אויספאָרשונג זאָל דער כשוף נוט אָנגעווענדעט ווערן קעגן כשוף־מאכער...

איך וויל ניט באפּערערן די פארטיידיקונג, אָבער אפילו ווען איך וואָלט ניט געהאט די צענדליקע באווייזן אין זיין אומשולד; אפילו ווען איך וואָלט אים ניט באָאבאכטעט אריבער א יאָר צייט איידער צו שרייבן דאָס וואָס איך שרייב, איז בלויז דער פאקט וואָס ער האָט יאָרן־לאנג אימדערמידלעך און אנגסטליך געזוכט דאָקומענטן איבער דער גאנצער וועלט, דאָקימענטן וואָס זאָלן פארניכטן די נידערטרעכטיקע באשולדיקונגען פּאָרמולירט פונם אפּפאל פון די קאָנצענ־טראציע־לאגערס וועלכע גיט אזויפיל קאָפּ־ווייטאָג ישראל ספּעציעל... — דער פאקט וואָס לייבוש זייפמאן זוכט דורך די אלע יאָרן אָפּוואשן זיך פין דעם שמוץ וואָס מ׳האָט אויף אים ארויפגעוואָרפן, באווייזט, אז ער איז ווייט פון צו זיין יענער פארברעכער פאר וועלכן מ׳האָט אים אָנגענומען.

דער פאקט וואָס ער האָט ביז היינט ניט געטווישט זיין גלויבן און ניט געשיקט זיין יידישע רעליגיע און די יידישע קאָלעקטיוויטעט אין בראזיל צום טייוול און ניט אָנגענומען, זאָל זיין צום גונסטן פון זיינע קינדערלעך, אן אנדער רעליגיע, ציינט א סאָלידן רעליגיעזן פונדאמענט.

און אויב ער איז אפילו יאָ שולדיק, וואָלטן מיר ניט געדארפט באטראכטן די אומשטענדן? זאָגט דען ניט דער תלמוד: „אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו״? איז ניט גענוג דער פאקט וואָס ער זוכט די אלע יאָרן, דורך באַ־לייידיקנדיקע, פּיינליכע מיטלען צו רעאביליטירן זיך? לערנט אונז ניט אונזער רעליגיע פארצייאונג, זאָגן דען ניט אונזערע ספרים, אז דער זינדיקער וואָס וויל תשובה טאָן איז הייליקער ווי די הייליקסטע? אז דער וואָס איז מודא און ווידערהאלט ניט איז ווערטע מיטלייד?

ווי קענען מיר יידן, וועמענס גאנצע געזעצגעבונג איז צעמענטירט אויף שכל און יושר; וועמענס קרימינעלע רעכט האָט נאָך אין אירע וויגעלעך ארויס־געשטויסן פון אירע קאנאָנען די בלוט־נקמה, אבווענדן זיך פון יענע פּרינציפּן וואָס האָבן געשמידט די יסודות פון דער אומבאזיגבראקייט און אומשטערבלעכ־קייט פונם יידישן פאָלק?

דער חומש, אין זיין ברישות, גיט אנצוהערן, אז ניט נאָר די הארן פון דער ערד, נאָר אפילו דער ריכטער פון דער וועלט, ד. ה. דער אלמעכטיקער, איז געבונדן צו די פּרינציפּן פון גערעכטיקייט. און גערעכטיקייט איז ניט הפקרות; גערעכטיקייט קאָן ניט געטאָן ווערן פון אבי וועמען אפילו מיט א גוטן ווילן. אלגעמיינער וויסן און ספּעציאליזירטע קולטור אין רעכט און געזעץ;

אומאפהענגיקייט און קלוגשאפט; רוהיגקייט און זעלבשטענדיקייט; מאָראַלישע גאנצקייט און אויטאָריטעט מוז פאַרמאָגן א מאן כדי צו זיין א ריכטער און אורטיילן זיין גלייכן. פאַרמאָגן דען אָט די נויטיקע קוואַליפיקאַציון פון א ריכטער יענע פינף עלעמענטן: הערליך, בירענבוים, פיש, וויינבערג און ראָטשטיין, „פאַבריקאַנטן" און אונטערשרייבער פונם לעבערליכן פאַפירל וואָס ס׳הייסט „חרם", צו וועלכן אונזער געזעלשאַפט אין איר נאַיוויטעט אדער איגנאָראַנץ האָט אזוי העפלעך זיך געבוקט?

אויב וועגן דער אפערע וועלן זיך דערוויסן יידישע קאָלעקטיוויטעטן פון אנדערע לענדער, וועלן מיר אויסגעלאַכט ווערן; אויב זי וועט אנקומען צו דער קריסטלעכער וועלט, וועלן מיר אין א שיינעם טאָג טייער באַצאָלן פאַר אונזער אומטאָלעראַנץ, אונזער אומפאַרשטענדעניש און אינזער אפאטישקייט.

פאַר היינט גענוג. אין דעם מאָמענט פאַרטיידיק איך נאָך ניט לייבוש זייפמאַן. אין דעם מאָמענט, וויל איך בלויז אויסמיידן, אז אונזער ישוב זאָל ניט ווערן צו שפּאָט און שאנד. איך וויל אויך פאַרשפּאָרן די פאַרלוימדערער קאָנ־זעקווענצן פאַר זייער אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט. מעגלעך זיי זענען אָפּגענאַרט גע־וואָרן פון אזעלכע וואָס לעבן פון בלבולים... איך וויל אויך אויסמיידן, אז אונזערע פיינט זאָלן אונז ניט מאָרגן שמייסן אין פנים אריין אונזער אומענטש־לעכקייט אין וועלכער מיר באַשולדיקן זיי, די גוים. איך וויל, אז די פאָליטיק פון „ס׳קער זיך מיט מיר ניט אָן", „איך האָב ניט קיין צייט דערפאַר און וויל מיך ניט מישן אין דעם", זאָל אויף א ווײַלע פאַרלאָזן די יידן וואָס פאַרשטייען די געפאַר פון דער סיטואַציע.

אזוי ארום, צו דער איינציקער אויטאָריטעט, אין דעם מאָמענט נאָך קאָמפּעטענט צו נעמען די זאַך אונטער איר זשוריסדיקציע, צו די רבנים ווענדע איך מיך כדי צו זאָגן: פונקט ווי איך, ווייסט איר, אז דער חרם איז **בטל**, זאָ דערקלערט דאָס עפנטלעך; נארט ניט דאָס פאָלק מיט אייער שטומקייט; פאַר־הייליקט ניט מיטן זיגל פון גלייכגילטיקייט א מאָנסטרואזיטעט; סימולירט ניט שטאָלץ און ווירדע דאָרט ווו ס׳האָבן אייך ניט רעספּעקטירט יענע — פּערזאָנען אָדער אינסטיטוציעס — וועלכע האָבן איבער אייער אויטאָרטיעט אריבערגע־שפּרינגען! פאַרייניקט אייך אין א בית־דין, פּראָקלאַמירט דעם נוליטעט פון חרם,, ווייל דאָס איז אייער פליכט לגבי דעם מענטשלעכן וועזן, און דאן אור־טיילט, זייט אזוי גוט אורטיילט דעם אומגליקלעכן, אָבער פאַרזיכערט אים דאָס רעכט וואָס ס׳האָט יעדער פאַרברעכער, ווי שווער זיין פאַרברעכן זאָל ניט זיין: **זיך צו פאַרטיידיקן!**

אויך צו די פאַלשע און אנגעשראָקענע עדות ווענדע איך מיך: זאָגט דעם אמת. רייסט אראָפּ די מאסקע פון די וועלכע האָבן אייך געצוואונגען זאָגן ליגן, אָנשרעקנדיק מיט אָפּשטעלן דעם קרעדיט אָדער אונטערקויפנדיק מיט א

„פּעקל״ סחורה... געדענקט, אז פריער אָדער שפּעטער וועט דער אמת אנדעקט ווערן און קיין זאַך אין דער וועלט איז ווערטע מער ווי א רוהיק געוויסן.

אויב מיין בריוו וועט ניט אויפוועקן די שולדיקע, די אפּאטישע אָדער באַקוועמלעכע געוויסענס און אויב די פאראנטוואָרטלעכע פאר אונזערע ציווילע און רעליגיעזע אנשטאלטן וועלן זיך ניט קימערן וועגן דעם גוטן נאָמען פונם יידן אין בראזיל, וועגן דעם שיקזאל פון א פּרוי און ספּעציעל, פון צוויי אומשולדיקע קינדער און גלייך ניט צוגיין צו דער רעוויזיע פון דער אפּערע, וועל איך מוזן טאָן מיין פליכט אלס אדוואָקאט. און זאָל זיך קיינער נישט נארן. איך וויל, אז אונזער ישוב זאָל אליין צו רעכט מאכן דעם טעות, אויב ניט, וועל איך געפונען ווער ס׳וועט דאָס מאכן.

לייבוש זייפמאן וועט זיך אונטערווארפן צו יעדן קאָמפּעטענטן עקלעזיאסטישן אָדער שטאטלעכן טריבונאל, ווו ער זאָל זיך ניט קאָנסטיטואירן; ער וועט פאָרן ביזן עק וועלט; ער וועט רעספּעקטירן וועלכן ס׳איז ניט איז אורטייל, אויב מ׳וועט אים נאָר גאראנטירן דאָס רעכט זיך צו פארטיידיקן.

ער שטעלט נים קיין קאָנדיציעס; ער וויל ניט קיין פארצייאונג, ער פאָדערט בלויז איין זאַך, איין זאַך וואָס קאָן ניט אנטזאגט ווערן קיינעם, וואָס מיר יידן, ווינציקער ווי עמיצער אנדערש טאָרן דאָס קיינעם נים אנטזאגן: **גערעכטיקייט!**

ריאָ, 31-3-954.